**לזכרון פון מיין משפחה**
**דער פאַרשניטענער אין חורבן ת"ש,**
**און די זיבן טויזנט קדושים**
**פון מיין היימשטאָט קאַלוש.**

איך דאַנק האַרציק דעם ד"ר שלמה סיימאָן
פאַר זיין דערמוטיקן מיך און העלפן מיר.

## מיינע לידער

מיינע לידער זיינען תפילות,
שטיל געזונגען טאָג און נאַכט.
וואָך און יום־טוב פון מיין לעבן
דורך בלויען טרוים צו זיי געבראַכט.

מיינע לידער זיינען בלומען,
רייף געוואַקסן אין מיין האַרץ.
כ'האָב זיי פריידיק אָפּגעריסן
און געפלאָכטן אין אַ קראַנץ.

כ'האָב מיט יעדן ליד געפרייט זיך
ווי ס'פרייט מיט צירונג זיך אַ פרוי,
לייג איך איצט פאַר דיר דעם קראַנץ —
ציר זיך, פריי זיך אויך אַזוי...

# מרגלית

(אין אָנדענק פון מיין מומע הענציע ע״ה)

מיין באָבע מרגלית — די פרומע.
אַ קליינע, אַ צאַרטע, אַ שטילע,
ווי אַ וואַכיקע תפילה —
האָט דעם עול פון פרנסה געטראָגן:
גאַנצע טעג געשוועבט
צווישן יוכטן, מאַסטריק און וואָגן.
אין די נעכט געזעסן ביים בעט,
דעם קראַנקן זיידן געגלעט,
געריבן מיט אַלע רפואות.

צו שחרית געדרייט אויף זיין האַנט די רצועות.
ביים קידוש דעם בעכער אונטערגעהאַלטן.

האָבן פון די ווענט די שפּאַלטן
טרויעריק אויף דעם געקוקט.
דער מזרח האָט צום זייגער געזאָגט:
„הער זיך אויף צו וויגן.
דו דערציילסט אַ ליגן,
עס איז קיינמאָל ניט געווען
אין דער שטוב קיין פרייד״.
נאָר דער הענגלייכטער, פאַרשייט,
האָט אים דאָס מויל פאַרמאַכט:
„ניין, ס׳איז ניט אויסגעטראַכט.
איך האָב מיט מעשענער פראַכט
פרייד באַלויכטן דאָ״.

שבת פלעגט די באָבע זיך אויספּוצן
אין זיידענעם טיכל, אין קלייד מיט די שפּיצן,
און די אייניקלעך שבת אויבסט טיילן.
דעמאָלט פלעגט זי דערציילן,
אַז ווען דער זיידע איז געווען יונג,
איז ער געווען שיין, געזונט,
און האָט מסחרים גרויסע געפירט.
די גאַרב איז געווען זיינע,
(מיין מאַמע איז נאָך געווען אַ קליינע).
און אַז ער וועט געזונט ווערן,
אים ירצה השם,
וועט ווידער זיין ווי ס׳איז געווען.

נאָר איר וואונטש — גראָד ווי זי, די באָבע די שטילע —
איז אַוועק פון דער וועלט, אַ ניט־דערהערטע תפילה.

# שבתביים טאַטנס טיש

(אין אָנדענק פון מיין טאַטן
דעם קדוש יצחק בן ישראל דב עטינגער)

דיצט דער טאַטע ביים טיש, פאַרקנוילט אין רעיונות,
און שטיל, מיט זיפץ, וויגט ער די זמירות:
„כל מקדש שביעי כראוי לו".

בים-באָם, אוי-אוי, אוי-אוי,
האָט נגינה זיך געצויגן
ווי ריחות פון סטויגן
פון פריש-געשניטענעם היי.

ער גיט אַ גלעט די באָרד, די פּיאה אַ דריי:
„אשר נתן מנוחה, לעמו ישראל".

„געלויבט ביזטו גאָט, וואָס האָסט געגעבן די רו,
כאָטש אַ טאָג אין דער וואָך, כאָטש אַן איינציקע שעה",
און מיט שמחה אַ פּאַטש און אַ רייב די הענט.
„אשת חיל מי ימצא"... שאַ — די שמחה ווערט פרעמד

ער שמועלט אָן די אויגן און קוקט צו דער ווייט,
ער זעט — דער אָרום איז טרויעריק-פאַרשטייפט.

די מאַמע די קראַנקע, זיצט ביי דער זייט,
אויף טירן חובות פאַרשריבן מיט קרייד.
אונטער בעטן — שטיקער לעדער צעלייגט,
ס׳קריכט די וואַך פון די ווינקלען אַרויס.

ווערט זיין פנים בלייך, די בגדים לויז.
דעם קאָפּ געגנידערט, מיט אומעט באַגאָסן,
ווי אין שטורמישן וואַלד צעשראָקענע האָזן,
לויפט ער צעטומלט — צוריק צו די זמירות.

**

דלות מיט עשירות
פאָרן זיך צוזאַמען.
אַ קנעכט און אַ מלך
רייטן אויף קאַראַוואַנען.
בואי כלה, שבת מלכתא,
קום און ברענג מיין טאַטן די רו.

# אַ טאָג

„פּאַ, פּאַ, פּאַ, וואָס זשע טוט מען ווייטער?"
פרעגט שמואל־הערש דער מעקלער
און דרייט די דרייערס,
די מעשענע,
אין קעשענע.

אין גאָרטן, אויפן לייטער, קרייעט דער האָן, קוקו ריקו.
די שמואל־הערשעכע ניסט: האַפּטשו.
פאַרציט זיך מיט אַ דינעם פּו
און זאָגט: „דער האָן און מיין פּרנסה־געבער,
נאָר מ׳פּאָפּעט, מ׳קרייעט;
און איך — ווי אַ פעלד אַ פאַרזייעט —
וואָס וואַרט אויף אויפגיין פון זאָמען —
וואַרט, אַז פּרנסה זאָל קומען.

דער הונגער שפּאַרט אין די זייטן;
די טעכטער דאַרן נאָך חתנים;
די טעג ווערן בטל אין די יאָרן;
פּאָטער אין הימל, — פאַר ווען טוסטו שפּאָרן?"

די זון אַ רויטע זעצט זיך אונטערן פּלויט,
אויפן קרומען שטענגל די גרינע שויט,
אַ פאַרשעמטע, לייגט זיך שלאָפן
און פאַרציט דעם פאַרהאַנג איבערן טאָג
מיט אַ ווידערקול׳יק רופן:
פּאַ, פּאַ, פּאַ, וואָס זשע טוט מען ווייטער?

# אַ קלעזמערס טויט

עס הענגט די נאַכט שוואַרץ צעשראָקן, שטיל ווי אַ מויז.
איציקס פידל ליגט צעבראָכן — אויף דער שוועל פון קלויז.
לויז די סטרונעס און צעוואָרפן, דער בויגן אָן אַ זייט.
אַ שוואַרצע קאַץ שפּיזט מיט פייער, קוקנדיק פון ווייט,
ווי פון קלעזמער רינט אַ ניגון, אַ רויטער, פון זיין מויל,
ווי פון אינגעווייד פון פידל קלאָגט און וויינט אַ קול.

אויפן טורעם שלאָגט דער זייגער גאַנצע צוועלף מאָל.
טאַנצן מתים אין טליתים, זיבן — אַרום שול,
פלעכטן איין אין זייער טאַנץ דעם קלעזמער און די נאַכט.
טאַנצן מתים אַרום שול — טאַנצן זאַלבע־אַכט.

## דעם בייטל־מאַכערס חלום

משה דער אשר'קעם האָט די בייטלען געקלעפּט
און די נעץ פון זיין קעלער — אין זיי פאַרוועבט.
געלייגט אין שטויסן, געבונדן אין פעק,
און איבער די גאַסן געטראָגן אין צעריסענע זעק.

צו די קרעמערס אין די קלייטן געגעבן אויף באָרג,
צו ווייבער ביי שטעלן, זיצערינס אויפן מאַרג.
פאַרהאַרעוועט די טעג מיט קלעפּן פּאַפּיר,
נאָר די נעכט צעהאַנגען אויף אַ חלומדיקן שנור.

אין שלאָף האָט דער שוואָם זיך צעבליט אין בלומען.
פון טוכלען ריח איז געוואָרן בשמים.
דער קוקער פון קעלער איז פון תיבה דער צוהר,
און ער איז נח, איר מיינסטער, איר בויער.

עס רעגנט מיט נויט און עס גיסט מיט מבול,
שטייט ער ביי דער תיבה און איז זיינע שכנים מקבל.
עס ציט אַ פמליא פון געהויבענעם דלות —
בראש מיט אַ ריינקייט — געוויקלט אין אַ טלית:

טוביה דער שמש אין רויטער פאַטשיילע,
חיה די גבאיטע, די טוקערין ביילע,
ברוך דער בעקער, לאַפּציע דער בעדער,
ריזיע דער בעל־עגלה, מיט די גומענע רעדער.

נאָך זיי אַ כנופיה תינוקות של בית רבן.
בערל באַהעלפער איז מיטן קאַנטשיק מלווה.
און איציקל שפּילט אויף דעם באַס דעם לאַנגן
דאָס לידל פון גלוסטונג — וואָס האָט דעם מענטשן געפאַנגען.

# אונזער שבתדיקע שטוב

מיין מאַמע אַ פּאַרפּוצטע, האָט פון טייטש-חומש געלייענט,
די זון, אַ צעשטראַלטע, איר ניגון באַשיינט.
פון אונטערן בעט — האָט די לעדער גערעדט
מיט לשון פון ריח.
אַ פליג איז געפלויגן סאַמעטיק ווייך,
און הקפות געמאַכט.
אויפן טיש האָט דער חומש צום סידור געלאַכט.
עס האָבן די בענטשליכט אַ מעשה פאַרטראַכט,
אַז די וואָך, געקליידט אין אַ טונקעלער טראַכט,
איז אַ ליכטיקער שבת געוואָרן איבער נאַכט
און זיך געשטעלט אין מיט פון דער וועלט
און אוצרות פון רו געטיילט און געקוועלט.

מיין פאָטער האָט די אוצרות אין די ווינקלען צעשטעלט,
און אויף פליגל פון חלום אַוועק צו אַ וועלט,
וואו די מי ליגט געפענטעט מיט שבתדיקע שטריק,
און דער עול פון פרנסה פאַרוויגט אין אַ וויג.
ער האָט פאַרגעסן פון האַנדל-וואַנדל יאַריד,
פון מעסטן, שניידן די לעדער אויף שיך,
נאָר די שטוב מיט שבת-פייער צעגליט,
און זי באַניגונט מיט אַ זמירותדיק ליד:
„מנוחה ושמחה, אור ליהודים.
יום שבתון, יום מחמדים״.

## פיש אויף שבת

מיין טאַטע טראָגט אַ פישל אויף שבת,
ער שפּאַנט איילּיק איבערן מאַרק.
איינגעקויפט אין קראָם דגים אויף שבת —
אַ לעבעדיקן צוויי־פונטיקן קאַרפּ.

טראָגט ער דעם קאַרפּ מיט זרוע נטויה.
דער קאַרפּ צאַפּלט, רייסט זיך פון האַנט.
עס מוז עסן די מענטשלעכע בריאה,
עגבערט מיין טאַטן אַ מחשבה פון שאַנד.

ער פילט אין זיין דלאַניע דעם צער פון בעל־חי,
דעם געראַנגל פון לעבן מיט טויט.
ווייל ער ווי דאָס פישל אויסצאַפּלען אַ שריי —
אַז אויך בלוט פון אַ פישל איז רויט.

נאָר עס וואַרטן אויף אים אַ ווייב און פיר קינדער
און מאָנען די מטעמים אויף סעודת שבת,
לאָזט ער אַראָפּ די אויגן אַ פאַרשעמטער
און עס טרייבן אים טרויעריקע מחשבות.

# אַ מצבה מיין טאַטן

אַ פשוטער ייד,
פשוט געלעבט, פשוט ער רוט.
ביים זייט פון בית-עולם אַ פּראָסטער שטיין,
אויף עמכדיקן מענטשנס אייביקער היים.

אַ שווייגער געווען, אָן עקשן, דער ייד,
אייביק פאַרזאָרגט, תמיד באַטריבט.
שטענדיק פאַרטאָן, טרויעריק פאַרטראַכט,
געטראָגן דעם אומרו פון ווינטיקער נאַכט.

אַ טרוימער געווען, אַ האָפער אַ ייד.
זיין וועג איז געווען מיט בטחון צעבליט,
שטאָליק און שטייף — ווי אויף שלעסער פאַרמאַכט —
ער האָט דעם סוד פון זיין גאַנג הייליק באַוואַכט.

# אַן אָדע צו יידיש

יידיש לשון, מאַמע לשון, לשון פון לשונות,
ביסט באַוואוסט און דו ביסט היימיש אין אַלע וועלט־מקומות;
דו פאַרמערסט זיך מיט עשירות ווי די פיש אין טייך.
יידיש לשון, מאַמע לשון, גרויס ביסטו און רייך.

יידיש לשון, מאַמע לשון, לשון פון לשונות,
ביסט באַקרוינט און ביסט באַצירט מיט גילדענע עטרות,
און פאַרשלייערט ביסט מיט צניעות, דיין אמתדיקע מעלה,
צווישן אַלע שפּראַכן־כלות ביסטו די שענסטע כלה.

יידיש לשון, מאַמע לשון, לשון פון לשונות,
דיינע ווערטער, כישוף־ווערטער, וועבן־אויס חלומות.
דיינע טראָפּן הארציקע, זינגען אַזוי זויבער,
אין די מיילער פון דיין פאָלק ביסטו פול מיט צויבער.

# מיינע יידישע אותיות

יידישע אותיות, פירקאַנטיקע אותיות,
געטובלט אין בלוט פון דורות,
געלייטערט אין פיין פון פייער,
איר זייט הייליק, איר זייט טייער.

מיט אייער בית האָט גאָט די וועלט באַשאַפן,
מיט אייער שין — רו געגעבן שקלאַפן,
און מיט דער טית, געזאָגט כי טוב.

יידישע אותיות, מרובעדיקע אותיות,
עקשנותדיק געקלאַמערט זיך צו שמות,
זענט איר געווען די דוגמא פאַר מיינע זיידעס
און די עדות פון דעם קשה־עורפדיקן אויסדויער;
און אין די בתים פון תפילין
און אפילו אין כתיבת חולין
אויסגעשריבן גלויבן —
אין אונדזער גאָט, אין אונדזער לעבן.

יידישע אותיות, חנעוודיקע אותיות,
אין די שורות פון די תחינות —
איר האָט אין מויל פון מיינע באָבעס
אויסגעקלאָגט אַלע גזירות
און געבראַכט זיי טרייסט.

און אין תוך פון דעם ליד
אָפּגעשפּיגלט מיין געמיט
און דערהויבן צו דער הייך
פון אַ זינגער ביי מיין פאָלק.

# פרעג ניט

„והגדת לבנך", שמות יג.

וואָס קען איך דיר זאָגן?
חורבן איז מיין וואָרט
און חורבן איז מיין לשון,
דער חורבן האָט דעם גאָט
פון רחמים — פאַרלאָשן.
דער חורבן האָט מיין וועלט
די יידישע אויסגעלאָשן.

רייד האָבן ניט קיין האפט,
און פאַר מעשים מוז מען זיך שעמען.
עס האָט דער לא ינום ולא ישן געגאַפט

און אונדזער בעטן ניט פאַרנומען
און אונדזער יאָמער ניט דערהערט.
וואָס קען איך דיר זאָגן?

## דעם מייסטערס לעצט וואָרט

(„פּאַרפּאַלן, איך מוז לייענען פון חורבן״,
ז. סעגאַלאָוויטש, ביי לעצטער פּאָרלייענונג
אין יידישן מוזיי אין נ״י)

די נאַכט איז שטיל, אין מוזיי נאָך שטילער.
דער דיכטער לייענט חורבן-לידער.
זיין קול ציטערט מיט פייערדיקן פיבער,
ער זאָגט: דער חורבן רעדט דורך מיינע גלידער.

איר קענט שרייבן פון וואָס איר ווילט,
איך מוז שרייבן פון חורבן;
אייך האָט די צייט אייער ווייטיק געשטילט,
נאָר מיר — מיינע, נאָך טיפער צעגראָבן.

פאַר אייך איז דער וועג נאָך יונג און גרויס,
פאַר מיר געפלאַסטערט מיט טויטע שאַרבן;
אויף אייביק איז פאַרברענט מיין יידיש הויז
און אין די פלאַמען אויך איך וויל שטאַרבן.

# אונדזער ניי געבאָט

מײַן זיידע פלעגט וויינען מיט טרערן ביים תיקון,
און איך אַ קינד — האָב געגאַפּט און ניט געקענט פאַרשטיין.
פלעג איך פרעגן, זיידע, פאַרוואָס וויינסטו אין די חצות׳ן,
זאָג מיר, זיידע, וואָס טוט דיר וויי?

פלעגט ער קוקן אויף מיר מיט אַ פּאָר פאַרטרערטע אויגן און זאָגן:
„קינד מיינס, אויף דעם גרויסן חורבן פון אונדזער פאָלק איך וויין״.
און ווען אַ מידער ער פלעגט זיך לייגן און ווערן אַנשלאָפן,
האָב איך געזען זיינע טרערן שטיל, ווי די זון פאַרגיין.

אין דרויסן איז די נאַכט געקראָכן ווי אויף שוואַרצע שטיינער,
אין שטוב דער זייגער די שעה׳ן געשלאָגן האָט אַזוי מאַט און שווער.
איך האָב נאָך דעמאָלט ניט פאַרשטאַנען דעם באַטייט פון חורבן,
נאָך ניט פאַרנומען דעם מיין פון מיין זיידנס אָבל׳דיקער טרער.

פלעג איך ליגן אין בעט אין גערענגל מיט מחשבות,
ביז דער טיק־טאַק פון זייגער האָט פאַרוויגט מיך שפּעט צום שלאָף.
דאַמאָלס האָב איך געזען דעם זיידן שטיין ביים כסא פון כביכול
און מיט טרערן אין אויגן פרעגן: „רבונו, פאַרוואָס קומט אונז
די שטראָף?"

אַצינד, בין איך דערוואַקסן און אַליין באַ'טלית'ט מיט חורבן,
נאָר איך וויין ניט אין די חצות'ן, ווייל אויסגעטריקנט איז מיין טרער.
איך שטיי אַ צעווייטיקטער מיט אַן אָנגעשפּיצטן שאַרבן,
און אַ סוף צו חורבנות, גאָט, אַצינד איך שווער.

אַן ענד צו קדושים, וואָס שטאַרבן ווי די שעפּסן,
ווען געפירט אָפּהענטיקע נאָך רופן דיך אחד.
אויב אומקום איז באַשערט, איז, ווי שמשון מיט די פלשתים,
צוזאַמען מיטן שונא — איז אונדזער ניי געבאָט.

# היימשטאָט

(דעם אָנדענק פון זיבן טויזנט קדושים
פון מיין שטאָט קאָלוש)

זיגזאַגיק און בלאָטיק האָסטו צעלייגט זיך, מיין שטעטל,
ביים ראַנד פון די בערג, די קאַרפּאַטן.
צופוסנס — דער בית־עולם, צוקאָפּנס — דאָס וועלדל,
אין מיט־מאַרק — די היים פון מיין טאַטן.

סאָביעסקי האָט דיין ערד צעגראָבן אין וואַלן,
זי געווייקט אין בלוט פון טערק און טאַטער.
האָסט געיווירן מיט זאַלץ און מיט רויטלעכן קאַיניט,
אונדז געשפּייזט מיט חיונה, ווי אַן אייגענער פאָטער.

אויפן שליאַך פון סטרי ביז סטאַניסלאַוואָוו
האָסט אין צניעות געדרימלט, קליין און פאַרלוירן.
מ'דערציילט, האָסט געדייעט דורך מגפות און פייער,
פון הילצערנע שטיבלעך — צו ציגלנע מויערן.

זיינען יידן רעגירער געווען דיר שתדלנים,
דער ליסער ז"ל האָט דיין שול געבויט.
מ'האָט תורה געלערנט אין חסידישע שטיבלעך —
בעלזער, טשאָרטקאָוו און זשעדאַטשאָיף.

אויך אַ קייט פון רבנים האָט באַגרויסט דיין נאָמען,
פון ליסער רב — צו גזע באב"ד.
דו ביסט געוואַקסן אין דעם באַנייטן פוילן —
פון קירהס כאַלופּניק צו צעך און וואַרשטאַט.

האָבן מילן געמאָלן און זעגן געזעגט,
מיינע אָבות — געהאַנדלט מיט לעדער,
און דו זיך געצירט אין זומערדיקע טעג
מיט בליענדיקע, כישופדיקע סעדער.

דער כאַצינער באַרג פלעגט שבת בייטאָג
ווימלען מיט קינדער און מאַמעס.
די שבתדיקע רו האָט ווי אַ חופּה געשוועבט
איבער דיינע גרינע לאַנעס.

אַ לעבן פון פרידן און מי איז געהאַנגען
אויפן הויקער פון יידישן קיום.
געמיינט האָב איך דעמאָלט — אויף אייביק געשאָנקען,
וועסט קיינמאָל ניט אויפהערן בליען.

איצט קום איך צו דיר אין אַ פינצטערער נאַכט,
און זוך וואָס געווען און איז מער נישטאָ.
גזירת ת״ש האָט דיינע טויערן פאַרמאַכט
אויף שלעסער פון אייביקער אומרו.

## יהא שמינו רבא

דו ביסט גרויס און דיין נאָמען איז גרויס,
נאָר גרעסער פאַר דיר איז דיין פאָלק ישראל,
איך, משה בן יצחק, זאָג: יהא שמינו רבא.

פאַר אונדזער ווילן צו זיין, און אָנהאַלטן דעם גלויבן,
פאַר די דורות פאַרשניטענע דורך שחיטות און רויבן,
פאַר די ישובים צעפּליענדערטע דורך ווילדע ראָבן,
פאַר די קדושים, וואָס האָבן זייערע אייגענע קברים געגראָבן,
איך זאָג: יהא שמינו רבא.

פאַר אונדזער כוח צו פאַלן און זיך אויפהייבן ווידער
און צונויפנעמען אַלע געבליבענע גלידער,
זיי שמידן צו אויפשטייג מיט האָפערדיקע פלאַמען,
איך זאָג: געגרייסט זאָל זיין אונדזער נאָמען.

פאַר אונדזער גנאָד צו פאַרגעבן דעם שונא זיין זינד
(כאָטש גרויס איז די בושה און טיף איז די וואונד),
פאַר דעם גלויבן אין מענטשן, אין דעם אכזר אפילו...
ווייל גלויבן איז לעבן, און לעבן איז אונדזער תפילה,
איך זאָג: — יהא שמינו רבא.

# אַ נאַכט אין די קאַרפּאַטן בערג

בער האָראָוויצן דעם קדוש

די נאַכט זעצט זיך אויף די שפּיץ בערג
און באַהיטלט זיי מיט אַ געלער לבנה.
דער דעמב, נאָדל און קאַלינע
לייגן זיך שלאָפן.

די קוואַלן פליוכען און באַשוימען די טייכן.
בוסיקעס פליגלען מיט אַ ציטער אַ ווייכן.
פון די קאָליבעס[1]) שפּאַרן רויכעס דורך אָפענע דעכער.
מידע בויקעס[2]) — צעלייגטע ווי אַ פעכער —
זינגען אומעטיקע לידער.

אויף די פּאָלינעס[3]) פיטערן זיך שעפסן.
בערעלעך אויף קוסטן שפּיזן מיט דערנער.
צאַרטע הערשן בוקן זייערע הערנער
און באַקניען די ערד צו שלאָף.

דער דיכטער וואַכט און נעמט־אויף די נאַכט
מיט צויבער פון קאַרפּאַטישן געמיט.
בערג, ליד און ייד האָבן דיך געפורעמט,
בערל האָראָוויץ.

1) קאָליבע — אַ ביידל שפּיציק ווי אַ דרייעק.
2) בויקע — געבערגס פויער.
3) פּאָלינעס — לאַנעס אין די בערג.

# צום ערשטן טאָג אין שול

(מיין מרימען)

ראשית אוני, טעכטערל, פון פינף צעבליטע יאָר,
איך פיר דיך היינט אין שול צום ערשטן מאָל.
מיט רויטע טרויבן אויסגעשפּרייט זאָל זיין דיין יונגער וועג
און פרילינג-פרייד זאָל קלינגען אין דיין קול.

איך גיב דיר מיט די ברכות פון די אָבות,
דעם ייִדנס שהחיינו, דער באָבעס שטילע טרער.
זאָל דער ברען פון חסידות לייכטן דיר ביים לערנען
און קלויז-התמדה צערטלען דיין באַגער.

עס פירט דיך ביי דער האַנט די ליבע פון אַ טאַטן,
די האָפנונג פון אַ ראַנגלענדיקן דור.
דו ביסט די בלום, די בליאונג פון דער אומה,
מיט דיר גייט-אויף די צוקונפט ווי קאַיאָר.

# פ אָ ר ג ע ז ו נ ט

(מרימען צו איר אָפּפאָר פאַרן
*Work Shop* אין ישראל)

טאָכטער מיינע —
ווען דו וועסט באַטרעטן די ישראלדיקע ערד,
וועט די לופט פון לאַנד באַחכמהנען דיך.
וואויל איז צו דיר — וואָס דיר איז דאָס באַשערט.
די ערד איז הייליק, ווארף אראָפּ דיינע שיך.

דער ירדן וועט דיך אויפנעמען מיט אַ ברייטן ברוך־הבא
און די בערג פון גליל וועלן נידערן צו דיר.
מיט אַ מעסטל סולת — די מוטער שרה,
און דבורה די נביאה — מיט איר העלדישן שיר.

און דער עמק וועט זאָגן מיט אַ שטאָלצער מינע:
— אַ טאָכטער פון האָדסאָן איז געקומען צו אונדז.
וועט דער כותל־המערבי ענטפערן אַ פרומער:
— שבו בנים, בנים שלי.

ווען דו וועסט באַטרעטן די הייליקע ערד,
זאָלסטו פלעכטן אין דיין טראָט אויך מיינע פים
און זאָגן זאָלסטו צו דער אָבותדיקער ערד:
— מיין פאָטער שיקט דיר זיין יידישן גרוס.

# פייגל ביי מיין פענצטער

עס זינגען פייגל ביי מיין פענצטער
און עס וואָרקעט שטיל אַ טויב,
ציט די גלוסטונג מיך צו זיי
דורך דער דינער שויב;
שפּאַרט און וואַקסט און ווערט באַגער
אויסצוטאָן פון טאָג די מי,
וואָס פאַרקנעכט מיך אַזוי שווער,
און אַרויס צום פייגל־לאַנד
העפטן זיך מיט זיי.

קראַמפּט מיין האַנט זיך אין אַ פויסט
אַ בראָך צו טאָן די שויב,
האָב איך מורא — כ'וועל צעשרעקן
די פייגל און די טויב,
און זיי וועלן זיך צעפלאָשן
מיט פלאַטער און מיט פלי
און לאָזן מיך פאַריתומט שטיין
געבונדן צו דער מי.

צאַם איך איין מיין באַגער,
האַלט צוריק די האַנט,
ווייל ניט פויסט און ניט געוואַלד,
ברענגט אין פייגל־לאַנד.
און איך שטעל מיך לעבן פענצטער
אַ געשטילטער און איך לויב —
פאַרן זינגען — בענטש די פייגל,
פאַרן וואָרקען — דאַנק דער טויב.

## גנאָד

די נעכטיקע קעלט איז אַוועק אויף אַ שליטן
און האָט פאַרשלאָסן די טויערן פון ווינטער.
דאָס גרין פינקלט מיט פרייד אויף די ביימער
און קושט מיט צוזאָג די צווייגן.
די זון, אַ מילדע, שמייכלט מיט שווייגן
ווי אויף אַ התונה אַ מחותן אַ שיינער.

איך שייל פון מיר אָפּ דעם הויפן יאָרן
און שטעל זיך אויף דער שוועל פון פרילינג.
פאַרפּוצט אין זייגערס, קייטלעך און צירונג,
ווי אַ חומש-בחור צום ערשטן פאַרהערן,
טו איך מיט תמימות די וועלט באַשווערן
זי זאָל מיך נעמען אונטער אירע פליגל.

# אַן אָדע צו דער בולבע

ס׳האָט גדליה דער יאַט
געלייגט אין עסן די שמד
און גענומען אין האַנט דעם לעפל:
„אַ בולבע איז גוט, וואַרעמט דעם בויך,
ווען מ׳טונקט אין פּוטער איר קעפּל,
פּערל, מיין ווייב, פּאַרע זי היים —
זאָל בולבע מיט פּוטער זיך פּאָרן.
דאָס לעבן איז קורץ, די מערכה — מ׳שטיינס —
די בולבע — דער מאכל פאַר יאָרן״.

ציאַמקעט מיט די ציין, מיאַגעט מיטן מויל,
און ווישט פון פּנים דעם שווייס:
„אַז ס׳בורטשעט דער מאָגן, ווייל ער איז הויל,
איז גוט ווען אַ בולבע איז היים״.

שטייט פּערל ביי דער קיך, פאַרלייגט די הענט
און קוקט אויף אים אַ שטומע,
נאָר ער — דאָס פּנים צו דער שיסל געווענדט,
מורמלט: בורא פּרי האדמה.

## קאַראַהאָד

עס פרייט די וועלט זיך מיטן פרילינג
ווי מיט ערשטן טראָט — א קינד.
לאַכט דאָס בערגל,
לאַכט דער טאָל,
לאַכט פאַרשייט דער ווינט.
לאַכט דער בוים א צווייט-געלעכטער,
פייגל לאַכן-מיט,
און א פרילינג-קאַראהאָד
טאַנצט די גאַנצע וועלט.

## פרילינג מעדיטאַציע

עס האָט די ערד זיך שוין באַטעפּיכט
מיט גרין-גאָלד שפּע, מיט טוי-בריליאַנט.
און דער קוסט האָט זיך צעפּלעכטלט
און דער בוים האָט זיך פאַרפלאַמט.
אויך דער הימל האָט באַצירט זיך
מיט זיין קלאָרער, בלויער פאַרב.
אַלץ אין וועלט וואַכט אויף, באַנייט זיך,
נאָר דער מענטש פאַרגייט און שטאַרבט.

## פרילינג אין באָטאַנישן גאָרטן

דער גאָרטן האָט זיך אָנגעטאָן אין גרין
און באַ׳שבועות׳ט מיט מתן פרילינג.
אַלץ אַרום איז צעהעלט מיט זון
און מיט יומטובדיקער שאַלונג.

די קאַרשן-אַלייע רעדט מיט בלי,
דער בעז פלאַפלט מיט יונגן ווינקען,
די פייגל טראָגן שירה אין זייער פלי,
מוזיק שפילט אין אַלע ווינקלען.

איך שפּאַציר אין יום-טוב-גאָרטן
און בין מקבל מתן פרילינג.
מיין האַרץ איז פול מיט פרייד
פון אייביקער באַנייאונג.

# האַרבסט

גרוי די לופט, גרוי די ערד,
באַמאַנטלט מיט ברוינע בלעטער.
די ביימער דאַר, צעקנייטשט, באַפליכט
ווי אַן אַלט באַברילטער פעטער.

דער סאַד פאַרלאָזט, דער פלוין פאַרראַמט,
די קראָ, איר טרייער היטער,
פאַרקעט מיטן שוואַרצן שנאָבל
אַ זיי־געזונט די שניטער.

אַן אַלטע פרוי, מיט הענט ווי גראַבליעס,
קלייבט פאַרלאָזטע זאַנגען.
עס טראָגט זיך אַן אַ ווינט אַ קאַלטער
און וויל זיי אַלע פאַנגען.

דער הימל בייז, באַבלייט מיט וואָלקנס,
דרימלט איין אַ מידער,
און אין מיר עס זינגט דער אומעט
אַסיענדיקע לידער.

# אויף אַ גרינער ווערבע

צוויי טויבן שפּילן אַ ליבע
אויף אַ גרינער ווערבע,
אַן ער און אַ זי —
אויף אַ גרינער ווערבע.
ער: „כ'האָב דיך ליב".
זי קוקט מיט שוויַיגן.
דער ווינט בלאָזט קיל
און וויגט די צווייַגן.

ער קושט זי הייס.
זי איז פאַרטראַכט, פאַרנומען.
עס שפּיצן זיך זייערע שנאָבלען
און די פעדערן פלומען.

ער פלאַטערט מיט פרייד.
זי טרויערט מיט זאָרגן,
פרעגט, וואָס וועט זיין?
וואָס וועט ברענגען דער מאָרגן?

דער מאָרגן וועט ברענגען
אַ נעסט פול מיט ליבע,
וועט בויען אַ היים
אויף אַ ווערבע אַ גרינער.

# מעריב

די זון איז אַ מידע פֿאַרגאַנגען,
ווי אַ שווערד זיך באַהאַלטן אין שייד;
אין פֿעלד האָבן געקושט זיך די זאַנגען,
און פֿאַמעלעך שלאָפֿן געלייגט.

דיביימער, די קעפּ געבויגן,
האָבן מיט זאַטקייט געאָטעמט, געשווערט,
און די בלומען מיט געשוואָלענע בעכערס,
שטיל זיך געטוליעט צו ערד.

פֿון ווייט האָט אַ פֿויגל געזונגען,
די תּפֿילה פֿון מעריב דער וועלט,
און דער וועוועריק האָט קונציק אויף צווייגן
פֿון ניסלעך זיסע געקוועלט.

די זון איז אין מעריב פֿאַרגאַנגען,
ווי אַ שווערד זיך באַהאַלטן אין שייד,
און איך, פֿון אומרו געפֿאַנגען,
האָב מיט אומרו צו נאַכט זיך געגרייט.

# רעדט צו מיר דער האַרבסט

דער האַרבסט רעדט צו מיר ווי צו זיין גלייכן.
משה, זאָגט ער, ווען מ׳האָט דיך דערצערנט קינדוויז,
פלעגסטו זיך פאַרקייכן,
בחורוויז צע׳כעס׳ן,
און איצט ביסטו ווי דער בוים מיט זיינע בלעטער,
וואָס לאָזט זיי פאַלן האַרבסטיק שטיל
און עס טרעט זיי ווער עס וויל.

הער איך מיט שמייכל זיין שיחת חולין,
איך וויים עס וועט מיר ניט העלפן
אַפילו קיין צוויי פאָר תפילין.
איך שפאַן אַריין אין וואַלד פון אַלטקייט,
און מיט בוים־זאַטקייט פאַל איך צו דער ערד.

עס אַרט ניט די בלעטער ווער אויף זיי טרעט —
זיי זיינען באַזעלט מיט דעם סוד פון דער ערד.

## אַ טויב ווערט אַלט

איך זע אַ טויב האָט זיך געעלטערט,
איר זקנה טראָגט דעם סוף פון זומער.
מער באַוואָקסן, מער געקעלטערט,
גרויער — איר פעדער־שימער.

זי שפּאַנט אַ שווערע, פאַרבענקט נאָך עבר,
גלעט אַ מידע די פלאַך פון בייט,
טוליעט זיך צו רויטע בלעטער,
וואָס ליגן דאָרטן ווילד צעלייגט.

שטופּט איר פום אַוועק אַ בלאַט,
רוקט זיך אונטער גלייך אַ צווייטע,
בלייבט זי ליגן אַזוי מאַט,
אויף דער קופּע, אַ צעווייינטע:

„אוי, אַ בלאַט איז מיך גובר,
ס'קומט אויף מיר אָן די ענד,
מילא, — עובר, איז עובר...
איך האָב מיין סוף דערקענט".

## דער ווינט

זע ווי צאַרט דער ווינט וויגט די ביימער,
ווי כוח'יק ער שליידערט די כוואַליעס אויפן ים,
ווי מילד ער קילט די היץ פון שטיינער,
צעגליטע אין זומער, פון זוניקן פלאַם,
ווי שטיל ער טראָגט די זאָמען פון פלאַנצן
און איז זיי מזווג מיט קושיקער פרייד.

אַזוי אַמאָל דאָס גראָז אויף מיין בערגל
גלעטן ער וועט, ווי אַ סאַמעטן קלייד,
אָדער אפשר ברענגען מיר אַקאָרדן,
ווייכע ווערטער פון לעצטן ליד.
אַ בלאַט פאַרוואַלגערט — וועט ליגן, און האָרכן
דעם ציטער פון סטרונעס ביי מיר אינעם גרוב,
דעם ציטער פון סטרונעס ביי מיר אינעם גרוב.

## ב ל ע ט ע ר פ אַ ל

ס'פאַלן בלעטער, ס'פאַלן בלעטער,
מיט יעדן וויג פון בוים.
מיט יעדן וויג, מיט יעדן וויג,
פליט אוועק אַ טרוים.
אַ זונפאַרגאַנג, נאַכטגעזאַנג,
כישוף־טעג פון זומער —
זיי אַנטקעגן הינקט דער האַרבסט
אויף קוליעס, אַזאַ קרומער.

אויף פלוין, פאַרלאָזט ווי נאָך אַ שלאַכט,
פאַרלוירן ליגן זאַנגען.
נאָר אַ טויב — שטיל פאַרטראַכט
אין טרויער, שטייט געפאַנגען.
אַ שוואַרצע קראַ — בייז, צעשראָקן,
צופּט אַ בלאַט פון בוים.
מיט יעדן וויג, מיט יעדן וויג,
פליט אוועק אַ טרוים.

# די לבנה און די פאַלמע

(פאַבל)

צו אַ פאַלמע הויך געוואַקסן
אין אַ גרינעם לאַנד,
ברייט צעשמייכלט, די לבנה
שטרעקט איר אויס אַ האַנט:

עליכם-שלום, וואָס מאַכט אַ בוים?
ווי גייט עס אויף דער וועלט?
ביסטו טאַקע טיף פאַרוואָרצלט
דאָרט אין דיין געצעלט?
און ווען יאָ — פאַרוואָס-זשע רייסטו
זיך אַהער צו מיר?
בעסער איז אַז היטן זאָל
אַ יעדערער זיין טיר.

לאַכט די פּאַלמע: כאַ־כאַ־כאַ,
אַ נאַרעלע דו ביסט.
ווייסטו ניט אַז דײַנע רייד
זיי זיינען גאַנץ אומזיסט:
אַ מאָדנע טבע איז ביי אונדז,
מיר ווילן העכער גרייכן,
כאָטש געבונדן צו דער ערד,
פּרואוון מיר די הייכן.
איך בין זיכער אַז אויך דו
וואָלסט אַזוי באַגערט,
ווען דו וואָלסט, ווי איך, געווען
געבונדן צו דער ערד.
טו דעריבער זיך ניט שאַרן,
קענסט, חלילה, אויך זיך נאַרן,
ווען נידערן אַראָפּ,
מיינען אַז ביי אונדז אין גראָז
טוט זיך מי יודע וואָס.

# דיביימער און די פייגל

(פאַבל)

דריי ביימער שכנים וואוינען צוזאַמען.
זייערע וואָרצלען קניפּן זיך, נאָר די שטאַמען
שטייען ברוגזע, ניט צופרידן.
די צווייגן פלאָנטערן זיך, פלעכטן זיך און קריגן.

רוישט דער ערשטער מיט אַ מענה לשון:
„אייערע בלעטער חוצפה׳דיק פארשטעלן
די זון וואָס קומט באַטרעטן מיינע שוועלן״.

וואָרצלט דער צווייטער: „אייערע וואָרצלען
רק זויגן און קושן די זאַפט וואָס זאָל
מיינע אָדערן פרישן״.

צווייגט דער דריטער מיט דאָרן ליידן:
„זעט, איך קוק מיט שטילן שווייגן;
איר האָט פאַרכאַפּט דאָס ביסל עולם הזה,
און מיך זיינט איר פּראָסט און פשוט מבזה״.

זיצן דריי פייגל אויף די ביימער און לאַכן:
„ביימער! איר האָט אין זינען נאַרישע זאַכן.
טיף איז די ערד, ווייט איז די וועלט,
איר מוזט ניט שטיין וואו מ׳האָט אייך געשטעלט.
טוט ווי מיר — איצט דאָ, באַלד דאָרט,
מיר היפּן און פליען פון אָרט צו אָרט".

האָרכן די ביימער, די דריי שכנים,
טוען אַ זיפץ און ענטפערן אינאיינעם:
„וואויל איז אייך פייגל, באַשאַנקען מיט פליגל;
אויף אונדז האָט דאָס שטילשטיין געחתמעט זיין זיגל.
מה נאמר? וואָס זאָלן מיר ריידן און קלאָגן
אויפן גורל וואָס האָט אונדז מיט אַ מזומן געשלאָגן".

# אַ מוסרל

סערעלע האָט אַ קעצעלע, אַ חנעוודיקס, אַ ווייס,
איז עס תמיד מיאוקעוודיק, ניוכעדיק און בייז.
זיצט עס אין אַ ווינקעלע — לויערט און עס וואַרט
אויף אַ שוואַרץ מייזעלע, אַ פלינקס אַ פאַרשאַרט.

דורך אַ שפּעלטעלע אין וואַנט, אַ לעכעלע פאַררוקט,
שטופּט אַרויס דאָס מייזעלע דאָס קעפּעלע און קוקט.
טוט אַ שפּרונג דאָס קעצעלע, דאָס מייזעלע אַנטלויפט.
בלייבט זי שטיין אַ ברוגזע — בלייבט זי שטיין אַנטוישט.

סערעלע האָט אויך אַ פייגעלע, אַ קאַנאַריקל אַ קליינס,
וואוינט עס אין אַ שטייגעלע, אַ הענגעוודיקס אַ שיינס,
טאַנצט עס אויף די שטעקעלעך, צווויטשערט עס און זינגט
אַ לידעלע דעם קעצעלע, אַ מוסרל אים קלינגט:

„זע איך בין אַ פייגעלע און פליגעלעך כ׳האָב צוויי,
לעב פאַרשפּאַרט אין שטייגעלע, גלייב! עס טוט מיר וויי!
טאַנץ איך אויף די שטעקעלעך אַ טענצעלע פון טרייסט
און חלום מיר אַ חלומל פון פליאונג און פון דרייסט.

פאַרוואָס־זשע קענסטו, קעצעלע, ניט חלומען ווי איך?
אַז מילעך אין אַ טעלערל וואַרט אויף דיר אין קיך.
און אַביינדעלע צו לעקן — ליגט דאָרט אויך פאַר דיר,
לאָז צו רו דאָס מייזעלע, וועט וואויל זיין דיר ווי מיר״.

## ס׳איז שווער

ס׳איז אַזוי שווער אין מייאיקע טעג,
פאַרכישופט פון ריחות, צו בלאָנדזשען אין פעלד,
ווען בענקשאַפט דיך יאָגט נאָך דער איינציקער דיינער,
וואָס איז אַזוי ווייט — אין יענער זייט וועלט.

ס׳איז אַזוי שווער אין מייאיקע נעכט
פאַריתומט צו זיצן, פאַרשטאַרט אין געדאַנק,
און האָרכן — דאָס לעבן אַרום דיר זיך וועקט,
נאָר פילן אין זיך פון פוסטקייט דעם קלאַנג.

## דו און איך

קאָזען אַ מתנה

דו און איך און אונדזער ליבע
ראַנגלען זיך מיט טיפן שווייגן,
און מיר קלאָגן אויף אַ לעבן,
וואָס פאַרגייט, פאַרגייט.

דו און איך און אונדזער ליבע,
וואַקסן ווי די ווילדע רויזן,
ריח און פאַרבן טוען לאָקן,
נאָר דער דאָרן האָט צעשראָקן
אונדזער האַנט וואָס וויל זיי רייסן.

# איך ווייס

איך ווייס, איך דאַרף דיר נאָר אַ בריוו אָנשרייבן,
אַ פּאָר ווערטער:
קום, איך וואַרט אויפן עק פון דער גאַס,
און דו וועסט קומען
און גלייך צו מיר צוגיין
אַ ציטערדיקע און בלאַס.

איך וועל דיך אָננעמען ביי דיין אָרעם
און דיך פירן מיט שטאָלצע טריט אַהיים.
איך וועל עפענען די פענצטער פון מיינע חדרים
און אַ ליכט פון גליק וועט טאָן אין זיי אַ שיין.

מיר וועט זיך דאַכטן אַז מיין היים איז אַ גאָרטן
מיט בעז, מיט ליליעס און מיט ווייסן צוויט,
און צעהעלט וועלן ווערן אַלע טונקעלע שאָטנס,
ווייל די שענסטע בליאונג ביסטו אין זייער מיט.

איך ווייס — איך דאַרף דיר נאָר אַ בריוו אָנשרייבן,
אַ פּאָר ווערטער:
קום, איך וואַרט אויפן עק פון דער גאַס,
נאָר דו וועסט ניט קומען,
און איך וועל וואַרטן
אַ צעווייטיקטער און בלאַס.

# אָ ר ע ם

דיר איז פרעמד דער ציטער,
וואָס צוגט דורך יונגע מענטשן
און עפנט דאָס האַרץ מיט תפילה.
דאָס מויל דעם טאָג צו בענטשן,
פאַרקניפּן צוזאַמען
צוויי גופים אין פלאַמען.

דיר איז פרעמד די פרייד,
וואָס צעהעלט די נשמה
און שייערט טרייסט
אין מענטשלעכע נעסטן
פאַר שווערע פאַרמעסטן
אין שפּעטערע יאָרן,
ווען טעג גרויע —
מערן זיך און פאָרן.

דיר איז פרעמד דער אוצר
פון נעמען און האָבן —
פאַרשלאָסן אויף שלעסער,
געטראָגן דורך אָדלערם.

ביסט נאַקעט ווי אַ מת.
איך האָב אויף דיר רחמנות.

# פ אַ ר ש אָ ל ט ן

צו דיר —
וואָס כ׳האָב פאַרלאָזט דיין הויז
און ניט פאַרמאַכט די טיר;

צו דיר —
וואָס אַ יעדער ריר דיינער
גייט מיר נאָך
און רייצט
און וועקט
און מאָנט
און שרעקט;

צו דיר —
וואָס דיין ניכטערקייט
פלעגט לעשן מיין העכסטן עקסטאַז;

צו דיר —
וואָס האָסט קיינמאָל ניט
אויסגעטרונקען דעם בעכער
ביז צום גרונט,
איך זאָג אַצינד:

זאָל דער ווינט צעבלאָזן אַלץ,
וואָס איז געווען צווישן מיר און דיר.
ווייל פאַרשאָלטן איז דאָס הויז,
וואָס אָפן שטייט זיין טיר.

# זעאונג

לוסיען אַ מתנה

איך האָב דיין שוועל באַטראָטן היינט צום ערשטן מאָל,
דיין טיר געעפנט שטיל און איינגעצאַמט מיין קול.

מיין אויג האָט דיך געזוכט, נאָר דו ביסט ניט געווען,
אַ צוגענאַגלטער בין איך געבליבן דאָרטן שטיין.

פון אַלע ווינקלען האָט דיין צאַרטקייט מיך געגלעט,
און איך האָב שטיל געמורמלט: זאָג מיר עפּעס, רעד.

נאָר געקוקט אַראָפּ אויף מיר עס האָבן דיינע ווענט
און דו האָסט געשוויגן ווי דו וואָלסט מיך ניט דערקענט.

# קום

(א)

קום צו מיר טייערע, קום ליבע,
אָן דיר — זיינען די טעג מיינע טריב.
כ'האָב צעפּיצלט אַ לעבן מיט מעת-לעתן פון וואַרטן.
שטיי איך געבויגן אין אומעט אין האַרטן
און שפּער אויף דיין קומען.

אין האַנט זיינען שוין פאַרוויאַנעט די בלומען,
וואָס כ'האָב געבונדן פאַר דיר,
כ'האָב שוין אויסגעזונגען אַלע געזאַנגען.

דער טויט האָט דאָס לעבן געפאַנגען,
און גאַרנישט באַשטייט.
דער נעכטן איז שוין ווייט פונעם היינט,
און דער מאָרגן — ווער ווייסט?

ווער קען דעם מאָרגן?
דער ווינטער האָט דעם זומער דערוואָרגן
און אַלץ פאַרגייט, פאַרגייט,
קום.

(ב)

ווי די בלום מאַכט־אויף אירע בלעטער
און פריידיק גריסט די מאָרגן־זון,
אַזוי עפן איך מיין האַרץ פאַר דיר
און גרים דיך, ליבע, און רוף דיך, קום.

קום צו מיר פון די ווייטע וועגן,
קום צו מיר פון נאָענטן נאָנט.
איך וויל נים וויסן און וועל נים פרעגן
ווער חוץ מיר האָט דיך געקענט,
און פון וואַנען ביסט געקומען
און וואוהין וועסט ווייטער גיין
בלייב אַ ווײַלע דאָ מיט מיר
און באַשיין מיין האַרבסטיק לעבן,
קום.

# לאָמירביידע

עס איז אַ ליכטיק שיינער טאָג היינט
און איך בין דאָ און דו ביסט דאָ.
לאָז פאַרגעסן אַלטע עוולות,
קום נענטער צו, קום נענטער צו.

טו זיך אָן אין ווייסע קליידער,
ווער אַ פריש צעבליטע בלום,
לאָמיר ווידער זיך צעטאַנצן
מיט דער פרייד פון רונד אַרום.

עס איז אַ ליכטיק שיינער טאָג היינט
און איך בין יונג און דו ביסט יונג.
לאָמיר ביידע ווי די לייבן
צו דעם לעבן טאָן אַ שפרונג.

# מיט אַ האַרץ וואָס פילט

(מרים הערשבערגן אַ מתנה)

קויף דיר אַ חבר, האָבן די חז״ל געזאָגט.
קויף, — אַז כ׳בין אָרעם און האָב ניט קיין געלט,
נאָר כ׳האָב אַ האַרץ וואָס איז מיט פעט ניט פאַרשטעלט,
זאַפט איין די דינסטע מוזיק פון דער וועלט,
נאָר קען ניט די שפּראַך פון וואָרט — וואָס רעדט,
אָבער קען דעם סוד פון מורמל און גלעט
און זאָגט דיר: חבר, חבר דו מיין,
איך האָב דיך געקויפט מיט דער מטבע פון זיין
און דיך פאַראייגנט מיט דויער פון צייט,
וואָס מאַכט ווארעם און נאָענט — וואָס קאַלט איז און ווייט.
מען קען עס ניט מעסטן מיט מעטער צי שטריק,
נאָר מיט דער מאָס פון אַ פאַרבאָרגענעם בליק,
אַ פאַרבאָרגענעם בליק.

# התרוממות

איך זיץ אין פעלד און באַגלייט דעם זומער.
אין דער לופט הענגט דער כל־נדרי,
אויף דער ערד ליגט דער על־חטא.

די פייגל טראָגן שטילערהייט
אַ לויב־געזאַנג דער אייביקייט:
„נתנה תוקף קדושת קיום",
זיי דערציילן די גרויסקייט פון זיין.

דאָס לעבן רוט אויפן טויט —
ווי יעקבס קאָפּ אויפן שטיין,
גרונטפעסטיקט זיך אויף דעם לייטער
אין שטייגן צום הימל — און אפשר נאָך ווייטער...

# איך זוך

איך הייב זיך צו די העכסטע הייכן,
איך נידער צו דער טיפסטער טיף.
די טיפסטע ימען טו איך טויכן,
זוך דעם אמת, הער זיין רוף.

די ווייטסטע ווייטן טו אַנטפּלעקן,
נישטער דורך אַ יעדער אָרט.
נאָר עס רעדן הייך און נידער
מיט אַ כיכיק, לציש וואָרט:

„געדענק, דער אמת האָט פאַרבלאָנדזשעט,
זיך פאַרלוירן אין דער צייט,
נאָר דער עכאָ פון זיין רופן
ווערט פון מאָל צו מאָל באַנייט".

גלויב איך נִיט דער שלעכטער בשורה,
ליגן זאָגן הויך און נידער;
דער אמת מוז באַשטיין אויף אייביק,
איך וועל אים געפינען ווידער.

# איך און די נאַכט

די נאַכט איז יונג
ווי אַ ניי־געבוירן קינד,
נאָר איך בין אַלט.
עס האָט אַ ווילדער ווינט
אין אַ שפּעטער שעה
פֿאַרבלאָזן מיך אַהער.

ליג איך ווי אַן אַלטע טויב
מיט צעבראָכענע פֿליגל
און וואַרט די נאַכט
זאָל מיך פֿאַרוויגן.

# ברייוו

עס ליגט פאַר דיר אַ בינטל בריוו,
אַ בערגל פאַרלעגענע יאָרן,
עס דאַכט זי דיר — אַ פאַרגעסענע וועלט,
וואָס איז ערגעץ ווייט-ווייט פאַרפאָרן.

נעמסט אַרויס אַ יעדן בריוו באַזונדער
עפענען זיך געשריבענע וואונדער,
באַהאַלטענע אין טעג פון חודש,
און כישופן אויס אַ לעבן,
און זיינען מחדש די ווייטן.

## כעס

איך גיב אַ שטויס
מיט מיין פויסט
און צעברעך די שויבן.
דאָס גלאָז בלוטיקט
ווי רויטע טרויבן.

מיין כעס גיסט זיך איבער
ווי וואַסער פון אַ זודיקן טאָפּ.
איך פאַרשעם זיך,
לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ
און האָב חרטה.

## באַזאַכט

איך בין רואיק, איך בין זאַט
ווי דער צעצווייגטער בוים אין תמוז,
נאָר מיין שלווה
ליגט באַשווערט מיט בליי,
עס שלאָפט אין איר דער צל המות.

# אַ דיכטער אַ שיכור

גאַנצע פערציק יאָר האָב איך פאַרטרונקען:
פערציק פרילינגען צעבליטע,
פערציק זומערן צעגליטע,
פערציק הארבסטן טיף פאַרברוינטע,
פערציק ווינטערן פאַרטרוימטע.

שטעלן זיי זיך אויס אין ציפער
און זיי שרייען: גיכער, גיכער,
שרייבט אַריין אין אַלע ביכער,
אַז אַ יאָלד, אַ זולל־דיכטער,
האָט פאַרטרונקען זיך ביז שיכור
מיטן ווײַן פון אונדזער קעלטער,
און ער גרייסט זיך: ער ווערט עלטער.

יאָ, איך בין אַ בן־ארבעים:
קלאָג איך ניט און רײַם ניט קברים.

איך האָב די טעג געזופּט צו ביסלעך,
ווי מען טעמ׳ט ווײַן געמיטלעך,
זיך פאַסמאַקעוועט, געשלונגען,
גאַנצע פערציק יאָר פאַרטרונקען.

# צו מיין ליד

איך לאַך צו דיר מיין ליד,
ווי אַ קינד מיט פּערלדיקע טרערן,
אין יעדער מינוט פון דיין זיין,
אין יעדער שעה פון דיין ווערן;

אין יעדן טאָג פון דיין אויפגיין
ווי אַ רויז מיט זומערדיק לעבן,
טראָג איך פרייד דיר אַנטקעגן,
פאַר פרייד וואָס האָסט מיר געגעבן.

# הונדערט טויערן

מאה שערים ווייגט מיט בלאָטיקע טרערן,
אירע טויערן הענגען ווי אויסגעלאָשענע לאַמטערן.

ווען מ'פרעגט דעם אַלטן מוכר ספרים:
איז אמת אַז הונדערט טויערן פאַרמאָגט מאה שערים?
שמייכלט ער און טוט זאָגן:
— שטעל־אויף די אויערן, וועסטו הערן אירע ריגלען קלאָגן.

גיי דורך די ענגע טונקעלע געסלעך,
שמעק־אויס די זויערקייט פון די הערינג־פעסלעך,
כאַפּ־אויף דאָס ווייבערישע מאַרק־לשון,
דעם געבראַזג פון די מטבעות אין די בעטלער־טאַשן.
הער דאָס דינגען זיך — די קונים מיט די קרעמער,
וועסטו הערן ווי מאה שערים זינגט איר זמר.

טאַפּ אויס די סחורות, צעלייגטע אויף די שטעלן,
די בינטלעך ציצית, די רויטע קרעלן.
פאַרנעם דאָס קינדערישע חדר קנעלן,
זייער שפּילן זיך אויף די שוועלן,
דעם מלמדס האַרבע מאַמע־לשון,
דעם גאַנצן געפּילדער און די אַלע רעשן,
וואָס שפּאַרן פון די קראָמען און קלויזן,
אַפילו דאָס כירקען פון די מויזן,
הער ווי עס סקריטשען די געפלאַסטערטע שטיינער,
וועסטו הערן ווי מאה שערים רעדט — מיט אַלע אירע ביינער.

פסח תשכ״א.

# קאַטאָוועס

אַזוי האָב איך געוואָלט און אַזוי האָב איך געזאָגט,
און ווילסט מיר ניט גלויבן, באַטאַפּ דיר דעם טאָג:
נעם די פּערטע אשמורה אָן, טו זי אַ טרעס,
אפשר וועסטו דאָרטן טרעפן אַ נס.
קענסט זוכן און געפינען אַלץ וואָס דו ווילסט.
דאָס שענסטע פון לעבן קענסטו באַגראָבן אין מיסט.
קענסט אין אומגליק פאַרוואַנדלען דאָס גרעסטע גליק,
נאָר, ברודערל, שווער איז — שווער אויף צוריק.

אַזוי האָב איך געוואָלט און אַזוי האָב איך געטראַכט,
און ווילסטו מיר ניט גלייבן — באַטאַפּ דיר די נאַכט.
נעם די ליבע אָן און גיב זי אַ טרעס —
אפשר וועסטו דאָרטן טרעפן דעם נס.
מעגסט ליבן און גלייבן אין אַלץ וואָס דו ווילסט.
דער סוף פון דער ליבע איז אַ הויפן מיסט.
דער אָנפאַנג — אַ חלום, אַ פעסטונג פון גליק,
נאָר קוים ביסטו אַריין, איז שווער אויף צוריק.

אַזוי האָב איך געטראַכט און אַזוי האָב איך געזאָגט.
קענסט שלאָגן כפּרות מיט נאַכט און מיט טאָג.
דאָס לעבן נעם אָן און גיב עס אַ טרעס,
ערשט דאָרטן איז ניטאָ, ניטאָ איז דער נס.
דער אָנהייב פון לעבן איז אַ פייער פון לוסט,
דער סוף פון דעם לעבן — אַ הויפן מיט מיסט,
און ווילסטו ניט גלייבן, באַטאַפּ מיינע רייד,
פאַרזוך מיינע ווערטער פון פריידן און לייד.

## דער וועג

דער וועג איז לאַנג, דער וועג איז ווייט,
ווער וועט אים דערגרייכן?
קליינע קינדער אין חדר־הויף
שפּילן זיך מיט טשייכן.

דער וועג איז לאַנג, דער וועג איז ווייט,
ווער וועט אים דערגרייכן?
אין טונקעלע נעכט, אין גרינעם פּאַרק,
פאַרליבטע פּאָרלעך שלייכן.

דער וועג איז לאַנג, דער וועג איז ווייט,
ווער וועט אים דערגרייכן?
טאַטע־מאַמע האָרעווען —
בויען צוקונפטס הייכן.

דער װעג איז לאַנג, דער װעג איז װײַט,
װער װעט אים דערגרײכן?
זײדע, באָבע, אײניקל —
שפּילן זיך מיט טשײכן.

שײַנט די זון אין פֿרילינג־טעג,
אין זומער־נעכט פֿאַלט רעגן —
אױף די שטײנער אױסגעשטעלט
אין בית־עולמס שטעגן.

און אין װינטער בלאָזט דער װינט,
דער װײַסער שנײ דעקט־צו
אַלץ װאָס האָט דערגרײכט דעם װעג
צום בית־עולמס רו.

# סך־הכּל

איך סך־הכּל, איך סך־הכּל,
איבער אַלעם מאַך אַ שהכּל
און צי אונטער, פֿול און מונטער,
מײַן לעבנס חשבון אַט אַזוי:

יעדע שעה אין יעדן טאָג —
ביז צום ראַנד פֿיל אָן מײַן קרוג,
צי מיט וואַסער, צי מיט ווײַן,
אַבי פֿרייד און גליק זאָל זײַן.
איך סך־הכּל, איך סך־הכּל,
לאַנג זאָל לעבן דער שהכּל.
ווײַל דאָס לעבן איז אַ פֿאַקל,
און ער לײַכט ווען צינדסט אים אָן.

# איך קען ניט די מעשה

מעגסט מיר דערציילן אַ וואונדערלעכע מעשה
פון געוועזענע גליקלעכע טעג,
וואָס האָבן מיט פליטערלעך און זילבערנע צוויטן
שפּאַצירט איבער אַ שטערנעם וועג.

מעגסט מיר דערציילן פון מאַרמאָרנע פּאַלאַצן
מיט גילדענע דעכער באַקרוינט,
וואו גליק האָט געגרייסט זיך אין בלישטשענדיקע טאַצן,
ווען מענטשן האָבן דאָרטן געוואוינט.

איך וועל דיר דערציילן, ווי מענטשן זיך טוקן
מיט גאַל אינעם שוים פון וויין.
איך קען ניט די מעשה פון מענטשלעכן גליק,
נאָר די מעשה פון מענטשלעכן פּיין.

## דער וואַגאַבונד

ער טרינקט מיט דאָרשט די פרייד פון לעבן
ווי מים חיים פון אַ ברונעם.
די מי און זאָרג פון גרויען טאָג
ער איז מבטל מיט שמייכל שטומען.

ער שפּאַנט אַרום אַ פרייער פויגל,
איבער שטעט און איבער שטחים,
און וואו ער קומט — נעמען־אויף אים
זיינע פריידיקע מלאכים.

אַרט אים נישט וואָס מענטשן רעדן,
קוקן אויף אים מיט קרומער מינע.
דאָס לעבן איז במילא נישטיק:
וואָס־זשע איז די נפקא מינה? ...

# אַ געבעט

דר. שלמה סיימאָנען

מ'זאָגט אַז תפילות האָבן פליגל
און פליען העכער און ווייטער,
און גוטע מלאכים אויף הימלשן לייטער
זיינען זייערע באַגלייטער.
המתפלל על חברו — נענה תחילה,
ווייל ריין ווי קרישטאָל איז זיין בעטן;
איז — נאַט אייך, רבי, מיין תפילה און תחילה
און פאַרנעמען זאָל דער וואָס טוט הערן.

# אויף די פליגל פון דער צייט

איבער בערג און איבער טאָלן
פליען טעג און פליען יאָרן.

טו איך זיך פאַר זיי אַ נייג
ווי אַ וואוילער יונג און פרעג:
„וואָס איז מיט אייך אַזוי די אייל?"

טוען זיי צו מיר אַ לאַך:
„פּשוט איז מיט אונדז די זאַך.
ווען מיר זאָלן בלייבן שטיין,
מוז די וועלט, אוי, אונטערגיין".

ווערט מיר קלאָר און איך פאַרשטיי,
טו איך זיך אַ הייב ווי זיי
און איך פלי און פלי ווי זיי
אויף די פליגל פון דער צייט.

## ביים פענצטער אין שפּיטאָל

איך שטיי אין שפּיטאָל ביים פענצטער און קוק אַרויס.
אין דרויסן טאַנצט דאָס לעבן זיין זומער־טאַנץ.
מיין חבר ליגט אין וויי, בלעטערט אָפּ
ווי דער דאַר פאַרוויאַנעטער קראַנץ.
איך צייל די יאָרן זיינע, וואָס נייגן זיך צו שקיעה,
און טראַכט: איז דאָס דער וועג? דעם מענטשנס ענד?
הער איך אַ קול מיר זאָגט: „די איינציקע רפואה״.
איך זע — די זון פאַרגייט רויט און פאַרשעמט.

# לאָמיר ראַטעווען

די וועלט הענגט צעשראָקן.
לאָמיר זי מזווג זיין מיט אונדזערע זאָרגן.
איר אָנטאָן דעם קויבער פון בושה,
דעם ספּאָדיק פון ספּוטניק,
און שטעלן אַ חופּה
מיט דער קליפּה.

וועלן זיי זיך טאַנצן אַנטקעגן:
די קליפּה — מיט אירע בלוטיקע וועגן,
די וועלט — מיט די טראַגיקע זאָרגן.
וועלן מיר אפשר אָפּראַטעווען
דעם מאָרגן...

## באַרימערײ

דער אַלטער איז אויך אַמאָל געווען פאַרליבט.
מאָדנע קלינגט אַצינד זיין ליבעס־ליד.
זיין מויל איז הויל און פול מיט זשאַווער,
ווי ביים גלאָק, וואָס דער ווינט איז אים אַ חבר.
און ער שאָקלט זיך, און טוט דערציילן,
אַז ער האָט אַמאָל געקלונגען איבער מיילן.

איצטער איז זיין שטריק צעריסן,
און די צונג איז אָפּגעביסן,
אויך דער שטריקנציער טויט.
וואָלט ער אָבער ווידער זיי געהאַט די דריי,
וואָלט ער זיך צעקלונגען פון דאָס ניי.

## צו אַ זומער נאַכט

אָ, זומער נאַכט, זומער נאַכט,
לאָז מיך אויפגיין אין דיין טראַכט.
היל מיך איין אין דיין טרוים,
ווי די ליליע ביים וואַסער־זוים,
ווי דעם האָז,
וואָס דרימלט אין גראָז.
שירעם מיך פון שלעכטער וואָר,
מאַך מיר מיינע ספקות קלאָר,
און לאָז מיך גלויבן אַז אַלץ איז גוט,
אַז די וועלט איז גוט.

# דריי פליגן

דריי פליגן אין מיין שטוב פליגלען אוים אַ שפּיל
מיט דער זון אין פענצטער, מיט דער זון אויף דיל.
רייט די ערשטע אויף אַ שטראַל, רייט און רייט פאַרשייט.
די צווייטע היפּט זי איבער, און די דריטע דרייט און דרייט
ווי אַ קינד אין שפּיל דעם שטראַל, זי דרייט אים ווי אַ שטריק
און זי פלעכט און בויט פאַר זיך אַ זשומעדיקע בריק.

דריי פליגן אין מיין שטוב טאַנצן אוים אַ ראָד,
דרייען זיך און ווירבלען זיך מיט פליגלדיקן גנאָד.
בין איך זיי מקנא און ס'איז מיר אַ גרויסער שאָד
וואָס איך בין ניט קיין פליג ווי זיי, די פערטע אין דעם ראָד.

## שיידוועג

איך האָב היינט אָנגענומען מיינע פּאָר פיס
און זיי געפרעגט: וואוהין גייט איר?
האָט דער רעכטער געטאָן אַ ניס,
דער לינקער — געענטפערט אַ צעפרייטער:
„לאָז אונדז גיין און דו וועסט זען".

האָב איך זיי געשטעלט אויף דער ערד
און געזאָגט: באַווייזט וואָס איר קענט.
איז דער רעכטער געלאָפן צום אָנפאַנג,
דער לינקער צום ענד,
און איך, אין דער מיט,
בין געבליבן אָן פיס,
אָן אָפּגענאַרטער ריז.

# אויטאָפּאָרטרעט

עס הענגט דער שפּיגל און שפּיגלט מײַן פּנים.
מ׳זאָגט אַז אַ שפּיגל רעדט נאָר צו נאַראָנים.
מאַך איך זיך נאַריש און זוך די סימנים,
וואָס געקריצט האָבן יאָרן אויף מײַן אײגענעם פּנים.

אָט זע איך דעם שטערן — צעאַקערט ווי בײטן.
צווײ פֿאַלדן בײַ דער נאָז — ווי צעצװיגענע פּלײטן.
די אונטערשטע ליפּ, אַ פֿאַרקלעמטע, פּרוּוט זאָגן,
וואָס יאָרן פֿון שווײַגן האָבן פֿאַרבאָרגן געטראָגן.

איך קוק — און זע אין די אויגן אַ שמײכל,
דאָס זײַנען די טרעפּ צום מענטשלעכן היכל,
וואָס פֿירן דורכן פּנים צו דער טיף פֿון נשמה,
וואו די וואָר ליגט באַהאַלטן ווי אַ פּערל אַ שטומע.

# דער שטערנצויבערער

(קאָזען אַ מתנה)

אַלע שטערן אויפן הימל זיינען מיינע:
איך האָב זיי אויסגעחלומט אין נאַכטיקן געזאַנג,
כ׳האָב זיי אויפגעצויגן ווי סטרונעס אויף אַ צימבל —
טאַנץ איך איצטער איבער זיי מיט שפילנדיקן קלאַנג.

יעדן שטערן באַזונדער, צערטלעך איך גלעט
און רוים אים איין מיט ליבע, שטיל, אַ זיסן סוד:
„דו האָסט דערגרייכט די העכסטע, העכסטע הייכן,
דו ביסט ביי מיר מיין העכסטער, דער נאָענטער צו גאָט״.

וואַקסן מיינע שטערן אין סודותדיקן גלויבן
און צעפלאַמען זיך העל מיט גליקלעכן געוויין,
נאָר איך, דער צויבערער, טו זיך צו זיי נייגן
און מיט יעדן שטערן־פאַל לעשט זיך אויס מיין שיין.

## אויף די פליגל פון דער פרייד

**איך נעם** די פרייד פון לעבן אָן מיט כּוח
און טרינק צו איר לחיים.
ווער שיכּור פון לעבן, די משקה איז שטאַרק,
אויפגיין צו דער פרייד איז אַ מחיה.

קוקט די פרייד מיר גלייך אין פּנים,
טוט צו מיר חנעוודיק מורמלען:

„לחיים, צום לעבן. דאָס לעבן איז קורץ.
עס ווערט לאַנג, ווען מען טוט עס צעציען".
זי נעמט מיך אויף די פליגל
און לאָזט זיך מיט מיר פליען.

# צאַנקענדיק פייער

איך נעם צוזאַמען מיינע ראַנגלענישן און ברען זיי אין פייער —
אַלע בענקענישן, די אויסגעטרוימטע פּאַלאַצן און טורעמס,

מיינע יוגנט־פאַרמעסטענישן און זייערע שטורעמס,
אַלע גרייכונגען וואָס זיינען אַמאָל געווען מיר טייער.

איך ברען זיי און ברען און לייטער זיי אין פייער,
און זיי, ווידערשפּעניקע האַלעוועשקעס ניט־דערברענטע,
שרייען: „מיר, די ניט־געוואָרענע, ניט־דערקענטע,
מאָנען אונדזער לעבן ביי דיר, שאַפער געטרייער".

שטיי איך באַצערט, אַ שווייגער, ווי אַמאָל ר' מענדל קאָצקער,
אָפּגעזונדערט פון אַלע נאָכלויפער, אָמן־זאָגער און האָצקער,
זוך אַ תיקון פאַר זיי — אינעם ווייַ פון מיין פייער.

ניט אומזיסט האָט דער קאָצקער צדיק אין טאָג פון דער פּטירה
צעריסן זיינע כתבים, פאַרלייקנט זייער גבורה,
און מיט שמות ברענענדיקע געפּיטערט אַ צאַנקענדיק פייער.

## ג אַ נ צ ק י י ט

ווען דער איינמאָנער וועט שטיין גרייט,
וועל איך דערפילן פון ווייט
דעם לעצטן קלאַנג פון מיין ליד.
און כאָטש קראַנק און מיד,
גרייכן וועל איך יענעם אַקאָרד,
וואָס האָט צעזונגען מיין וואָרט
און עס צעפליגלט אין מיין לעבן.

וועט שירה מיט פטירה זיך וועבן
און דער איינמאָנער וועט מיך איינזאַמלען אין שלימות,
און פון אַ בינטל געבליבענע שמות
וועלן די פאַרשריבענע אותיות וויינען
מיט אַן אַבלדיקער טרער.

# באַנייאונג

כ׳זאַמל טעג פון מיינע יאָרן
און פאַרמאַך זיי אין אַן ארון,
און פאַרשלים אויף זיבן שלעסער.

טעג — וואָס זיינען בעסער, גרעסער
פון די טעג פון גאָרן לעבן,
טעג — ווען ליד וואָס איך טו וועבן,
זיינען פריילעכע געוואַקסן,
ווען אַ מיידל האָט איר קעפּל
אויף מיין אַקסל אָנגעליינט,
און דער בליק פון אירע אויגן,
ער האָט וואַגיקער געוואויגן
פון דעם גאָלד פון גאַנצער וועלט.

טעג אַזעלכע פון מיינע יאָרן
אוצר איך — באַהאַלט אין ארון,
און דער ארון איז מיר הייליק.
וועל איך איינמאָנען מיין חלק,
ווען באַנייען כ׳וועל זיך מוזן.
זיבן שלעסער וועל איך שליסן
און ווי ווייַן אין בעכערס גיסן
וועל איך טעג פון פרייד און גליק.
און איבער זיי, ווי אויף אַ בריק,
צו מיין עבר איך וועל שפּאַנען
און באַנייען און דערמאָנען,
און באַנייען און דערמאָנען.

## די טרייסטנדיקע טרער

אַ טרער, אַן אַפּטער גאַסט ביי מיר, טוט רינען אויף מיין פּנים,
זאָג איך איר ניט סקאַצל-קומט, נאָר פרעג: „וואָס טוסטו מאָנען?
פרייד פון נחת אָדער ניט-באַרואיקטע פאַרלאַנגען,
צי דעם טרויער אין מיין האַרץ, וואָס האַלט מיין האַרץ געפאַנגען?"

ענטפערט זי: איך קום צו דיר פון מאָנענדיקן אויג.
איך בין געריינִיקט מיט דער ריינקייט פון דעם שאַרפסטן לויג,
און איך לייטער-אוים דעם מענטשן און דערהייב אים הויך,
איך בין געקומען לייטערן דיך און דיר געבן כוח —

טרויער פון דעם שטרעבן און די פרייד פון גרייכונג צאַמען,
ווייל עס ברענען-אוים אפילו אַלע העלסטע פלאַמען,
ווערן בלאַסער עבר און — פאַרגעסן פון דערציילער —
בין איך זייער גוטער טרייסטער און דער גוטער היילער.

# איך שפּין מיר אויס אַ טאָג

יעדער טאָג פון מיין לעבן איז אַ וועלט פאַר זיך.
איך בין דער שאַפער פון מיין טאָג, דער האַר פון מיין איך.
מעג עס דונערן, מעג עס בליצן, מעג אַפילו פינצטער זיין,
איך צי אַרויס מיין העלע זון און טובל זיך אין ווייַן;
אָדער שווים אַרויס אין ים און טוק זיך אינעם שוים
און שטעל אַריין אין מיטן דאָרט אַ בליענדיקן בוים.
און ווי אַ פויגל איך פלי אַרויף און זינג מיין ליכטיק ליד,
אַזוי איך וועב מיר אויס אַ טאָג פון אייגענעם געמיט.

# הודו לד׳

ניו־יאָרק כישופט מיך מיט איר ליכטיקייט,
נאָר דער אומעט קלאַפּט אין די פאַלעס פון מיין קלייד
און טראָגט מיך צו יענער ווייט,
וואו דער רויטער עפּלבוים שטייט
אין מיט פון טויאיקן סאָד,
און אין זאַטיקן גנאָד
בענטשט ער די ערד
פאַר חיונה וואָס נערט.

ניו־יאָרק כישופט מיך מיט איר ליכטיקייט,
נאָר דער אומעט טראָגט מיך צו יענער ווייט,
צו יענעם צוים — וואו עס נעסט די קראָ,
וואָס קוקט פאַרחידושט
צום טייך — וואָס איז בלאָ,
צום טאָל — וואָס איז גרין,
צום קוואַל וואָס רינט
און ברומט
הודו לד׳.

# איך טרינק

איך טרינק פון אַלע ווייַנען,
כאָטש וואַסער מאַכט מיך אויך שיכור.
ביים טרינקען ווייַן, איז קידוש דער עיקר,
טרינק איך, און צערייס אויף שטיקער
די ניכטערקייט פון לעבן.

# אני מאמין

איך גלויב, איך גלויב,
אַז ניט שטיין, ניט שטויב,
ניט גאָלד, ניט שטאָל,
ניט דער מענטש פון אַמאָל
וועט בעסערן די וועלט.
נאָר ווי שיין, נאָך געוויטער,
וועט אַ געטלעכער ציטער
אויפוועקן דעם מענטשן,
דעם איצטיקן מענטשן,
אים מיט ווילן בענטשן
אין פשטות צו לעבן,
אים לערנען צו נעמען און געבן
דאָס גליק און די פרייד
פון טעגלעכן לעבן.
איך גלויב.

# אינהאַלט

## היימשטאָט



## אויף אַ גרינער ווערבע

## סך־הכל